# ווי צו ווערען אַ סיטיזען

(בירגער)

פון די

## פעראייניגטע שטאַאטען.

---

אַלע כללים און פאָרשריפטען, פאָרמען פון אַפּליקיישאָנס און ווי מען דאַרף זיי אויספילען, אום צו בעקומען ערשטע און צווייטע סיטיזען פּייפּערס, פראַגען און אַנטוואָרטען ביים עקזאַמען פון ווערען אַ סיטיזען.

---

בעארבייטעט לויט די נייעסטע קוועלען און געזעטצע


פון **נחמיה קאַפּלאַן**

(געוועזענער מיטארבייטער אין נאַטוראַליזיישאָן ביוראָ פון דער היברו שעלטערינג און אימיגראַנט אייד סאָסייעטי).


---


ארויסגעגעבען פון

**ש. דרוקערמאַנ'ס בוכהאַנדלונג,**

50 קאַנעל סטריט, ניו־יאָרק.

---

1922

# וויא צו ווערען אַ סיטיזען פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

---

## ווער קען ווערען א בירגער.

א בירגער פון די פעראייניגטע שטאַאטען קען ווערען יעדער איינער, מאן אָדער פרוי, וואס געהערט צו דער ווייסער ראסע אָדער צו דער שווארצער, אפריקאנישער. פערזאנען וואס בעלאנגען צו דער געלער (מאנגאָלישער) ראסע, ווי כינעזער, יאפאנעזער א. ז. וו. ווערען אלס בירגער ניט אויפגענומען.

---

## אלגעמיינע כללים און רעגולייש‌אָנס.

לויט דעם געזעץ פון 29טען דזשון 1906 פאָדערט זיך פון יעדען אויסלענדער, וואס וויל ווערען א בירגער פון די פעראייניגטע שטאַאטען ער זאָל האָבען געוואהנט אין לאנד 5 יאָהר כסדר פון דער צייט וואָס ער נעהמט ארויס די ערשטע פּייפּערס, ווי אויך דעם גאנצען לעצטען יאָהר אין זעלבען שטאַאט, אין וועלכען ער ווענדעט זיך נאָך די בירגער פּאפּירען. פון יעדען איינעם וואָס וויל ארויסנעהמען די צווייטע פּיי־פּערס ווערט פערלאנגט ער זאָל קענען רעדען ענגליש און זיין אין שטאַנד אונטערצושרייבען זיין נאָמען, וועניגסטענס, אין דיעזער שפּראך.

פערזאָנען, וואָס האָבען ארויסגענומען זייערע „ערשטע פּיי־פּערס“ פאר דעם געזעץ פון 29טען דזשון 1906, זיינען ניט מחויב צו קענען רעדען און שרייבען ענגליש ביים ארויסנעהמען די צווייטע.

די וואָס זיינען איגנער פון 18 יאָהר קענען די ערשטע פּייפּערס ניט בעקומען.

## ווי צו ווערען א סיטיזען פון די פעראייניגטע שטאאטען

די ערשטע פאפירען זיינען בלויז גילטיג 7 יאהר; נאך דיעזער צייט קען מען אויף זיי די צווייטע ניט בעקומען. מען דארף דאן איבער א נייעס ארויסנעהמען אנדערע ערשטע פייפערס און ווארטען 2 יאהר, ביז מען קען אויסמאכען א „פעטישאן" פאר די צווייטע.

אין צייט פון א מלחמה צווישען די פעראייניגטע שטאאטען מיט א צווייטער מלוכה קענען אונטערטהאנער פון יענער לאנד קיין בירגער דאן ניט ווערען.

מען קען די ערשטע פייפערס ארויסנעהמען זאגאר דעמזעל־בען טאג וואס מען קומט אן אין לאנד. עס איז בלויז נויטיג צו קענען אונטערשרייבען דעם נאמען און די פאמיליע אין ענגליש.

ווען יעמאנד נעהמט ארויס די ערשטע פייפערס שפעט, מעג ער זיין אין לאנד אפילו 50 יאהר, דארף ער אלץ ווארטען פולע 2 יאהר ביז ער קען זיך ווענדען נאך די צווייטע.

דער וואס טראגט א געוויסען יחוס טיטול אדער א צייכען פון אנגעהעריגקייט צו אן אדעליגער פאמיליע, מוז זיך פון דעם ענטזאגעןביים אנגעבען די אפליקיישאן, אנדערש קען ער קיין בירגער ניט ווערען.

---

### פלעצער וואו מען נעהט ארוים די פייפערס.

די ערשטע און צווייטע בירגער פאפיערען ווערען ארויסגענומען אין אלע „דיסטריקט און סוירקוט קאורטס" (קרייז און בעצירקס גע־ריכטען) פון די פעראייניגטע שטאאטען און אין אלע קאורטס (פון יעדען בעזונדערען שטאאט אדער טעריטאריום), וועלכע האבען די מאכט צו פיהרען פראצעסען איבער אונבעגרענעצטע סומען געלד.

---

### קאסטען צו ווערען א בירגער.

די הוצאות צו ווערען א בירגער זיינען בלויז 5 דאלאר: 1 צו

דאָלאר פאר די ערשטע פּייפּערס און 4 דאָלאר ביים אנגעבען די „פּעטישאָן" פאר די צווייטע. מעהר דארף מען דער רעגיערונג גארניט בעצאָהלען.

## „סערטיפיקייט אָוו עררייוול" (לאַנדונגס דאָקומענט).

אין דער צייט וואָס מען גיט אָן דעם קלוירק פון געריכטס הויז די פּעטישאָן (ביטע שריפט) פאר די צווייטע פּייפּערס, ווערט געפאָדערט מען זאל אויך ביילעגען דערצו א „סערטיפיקייט" פון „דעפּארטמענט אוו קאָמערס ענד לייבאָר", וועלכע זאל בעשטעטיגען די צייט און דעם אָרט, ווי אויך די שיף אויף וועלכער מען איז אָנגע־קומען נאָך די פעראייניגטע שטאַאטען*). אום צו זיין זיכער דאָס די אנגאבען פון די ערשטע פּייפּערס שטימען מיט די וועלכע זיינען בע־צייכענט אין דאָקומענט (דער זכרון קען אמאָהל אָבנארען און שפּעטער האָט מען דורכדעם געוויסע שוועריגקייטען) איז גלייכער צו זעהן בע־קומען דיעזען „סערטיפיקייט" גלייך ביים אָנפאנג.

צו בעקומען דיעזען דאָקומענט איז זעהר לייכט און מען דארף דערפאר גאר ניט בעצאָהלען. יעדער איינער קען זיך דירעקט ווענדען צום קאָמישיאָנער פון פּארט, דורך וועלכען ער איז אָנגעקומען, און אין פערלויף פון 5—6 טעג בעקומט ער דעם דאָקומענט צוגעשיקט אויף זיין אדרעסע. וואָס עס פאדערט זיך אָנצוגעבען אין דעם אפּלי־

*) די וואס קומען נאָך די פעראייניגטע שטאַאטען איבער קענעדע, דאַרפען בעקומען אַזעלכע דאָקומענטען פון דעם דאָרטיגען אימיגראציאָנס קאָמישיאָנער; עס מוז אין זיי אנגעגעבען ווערען די אייזענבאהן ליין, אויף וועלכער מען איז אהער אריבערגעקומען, ווי אויך די סטאציאָן וואוהין מען איז ארונטערגעשטיגען.

קיישאַן צום קאָמישיאָנער (זעה זייטע 7) איז, דעם נאָמען און די פאמיליע ריכטיג ווי מען האָט אנגעגעבען אויפ'ן שיף, דעם נאָמען פון דער שיף, 2טע אָדער 3טע קלאסע, דעם פארט פון וואנען די שיף איז ארויסגעגאנגען, דעם דאטום פון אנקונפט אין די פעראייניגטע שטאאטען, דאָס געבורטסלאנד, דעם עלטער, דעם צוועק צו וואָס מען פערלאנגט עס און די ריכטיגע אדרעסע.

Form 2226.

**REQUEST FOR CERTIFICATE OF ARRIVAL.**

**For use of Aliens arriving after June 29, 1906.**

**DEPARTMENT OF COMMERCE AND LABOR.**

**Naturalisation Service.**

Chief, Division of Naturalisation,
Department of Commerce and Labor,
Washington, D. C.

פערזאנען, וואס זיינען אָנגעקומען אין די פעראייניגטע שטאאטען נאָך דעם 29טען דזשון 1906, דארפען, ווען זיי ווילען ארויסנעהמען די צווייטע פייפערס, אריינגעהן אין קאורט (דעם פלאץ זעה פיידזש 4) און ציינען די ערשטע פייפערס. דאן בעקומט מען א בליינק לויט דעם אויבען געצייכענטען פארם, אויף וועלכען עס קומט א פאָרם פון א לעטער צוזאמען מיט דער „פעטישאָן פאר נאטוראליזיישאָן" (זעה פיידזש 11 און 12).דאָס אלעס דארף זאָרגפעלטיג אויסגעפילט ווערען און מען דארף עס אבשיקען נאָך וואשינגטאן און פון דאָרטען ווערט עס אין א קורצע צייט ארום צוריקגעשיקט מיט די פערלאנגטע אויסקינפטע צום קלוירק פון קאורט. דער לעצטער גיט דאן דעם אפליקאנט צו וויסען ווען זיך צו מעלדען מיט די עדות. די וואָס זיינען אָבער אָנגעקומען פאר דעם 29טען דזשון 1906 דארפען דיעזע לעטערס און „פעטישאָנס" נאָך וואשינגטאָן ניט שיקען.

## דעקלערײשאָן אוו אינטענשאָן.

אום צו בעקומען די ערשטע בירגער פאפיערען דארף מען אויספילען א ספעציעלע אפליקײשאָן (זעה זייטע 9) און אנגעבען דעם נאָמען, ווי אלט מען איז, די בעשעפטיגונג, דעם ראסען קאָליר (ווייס אָדער שווארץ), געזיכטס־פארב, הויך, געוויכט, קאָליר פון די האאר, קאָליר פון די אויגען, וועלכע קענטיגע סמנים מען האָט אויפ׳ן געזיכט, וואו מען איז געבאָרען געוואָרען, דעם טאָג און יאָהר פון געבורט, די יעצטיגע אדרעסע, פון וועלכען פאָרט די שיף איז ארויסגעגאנגען, דער נאָמען פון שיף, וואו מען האָט געוואָהנט פאר׳ן אָברייזען נאָך די פעראייניגטע שטאאטען, דעם נאָמען און טיטול פון הערשער, וועמעס אונטערטהאנער מען איז געווען, דעם דאטום פון אָנקונפט נאָך די פעראייניגטע שטאאטען און דעם לאנדונגס פארט.

דערביי מוז מען אויך בעשטעטיגען מיט א שבועה, דאָס מען ענטזאגט זיך פון דער רעגיערונג, צו וועלכער מען האָט פריהער געהערט און דאָס מען אנערקענט די קאָנסטיטוציאָן פון די פעראייניגטע שטאאטען, אז מען איז ניט געגען ארגאניזירטער רעגיערונג און מען גלויבט ניט אין פּאָליגאמי (פיעל־ווייבעריי).

קיינע עדות זיינען דערביי ניט נויטיג.

## פעטישאָן פאר נאַטוראליזיישאָן.

אין דער ביטע שריפט וואָס מען גיט אָן אום צוגעלאָזען צו ווערען אלס בירגער פון די פעראייניגטע שטאאטען (זעה זייטע 11 און 12), דארף דער בירגער קאנדידאַט בעאַנטוואָרטען כמעט דיזעלבע פראַגען ווי ביים ארויסנעהמען די ערשטע פייפערס. ער דארף בלויז צוגעבען די צייט און אין וועלכען קאָורט די ערשטע פייפערס זיינען ארויסגענומען געוואָרען, דאָס ער קען רעדען די ענגלישע שפראך און געפינט זיך 5 יאָהר כסדר אין לאנד און א יאָהר אין זעלבען שטאאט, ווי אויך אויב מען האָט איהם שוין איינמאָל ניט ענטזאגט צוליעב וועלכער עס איז אורזאכע ארויסצוגעבען די צווייטע פייפערס. פאלס דער בירגער־קאנדידאַט האָט א פאמיליע, דארף ער צוזעצען די נעמען, דאטומס און געבורטס־ערטער פון זיין פרוי און קינדער.

בעמערקונג: — די „פעטישאָן פאר נאטוראליזיישאָן" פאר פערזאָנען, וואָס זיינען אנגעקומען נאָך דעם 29טען דזשון 1906, ווערען אויסגעפילט צוזאמען מיט דעם לעטער צו קריגען דעם „סער־טיפיקייט אָוו ערייוול" אויף איין צוזאמענגעדרוקטען בליינק, וועלכען מען בעקומט אין קאָורט, ווען מען ציוגט די ערשטע „סיטיזען פיי־פערס".

---

## ע ד ו ת.

ביים אָנגעבען די אפליקיישאָן פאר די צווייטע פייפערס, דארף דער בירגער קאנדידאט זיין בעגלייטעט פון 2 עדות, וועלכע זיינען בירגער פון לאנד. די עדות דארפען שווערען דאָס זיי קענען דעם קאנדידאט 5 יאָהר כסדר און ווייסען דאָס ער האָט זיך געפונען אין שטאאט, טעריטאָריום אָדער דיסטריקט, וואו די אפליקיישאָן איז געמאכט געוואָרען דעם לעצטען יאָהר.

אלס עדות קענען אויך זיין פרויען, געבאָרענע אין לאנד אדער נאַטוראליזירטע בירגער.

נאָכדעם ווי מען גיט אָן די פּעטישאָן פאר די צווייטע פּייפּערס און מען ווערט איינגעשוואָרען, בעקומט מען פון קלויירק 2 געדרוקטע קארדס, איינע פון וועלכע איז א צייכנים אז די ביטע שריפט איז אָנגעגעבען געוואָרען און די צווייטע איז פאר דעם דיסטריקט אטטאָרני צו וועמען מען דארף עס גלייך איבערגעבען.

אין 90 טעג ארום בעקומט מען געוועהנליך א שריפטליכע איינ־לאַדונג צו קומען מיט די עדות אין קאָורט. אין פערלויף פון דיזער צייט איז דעם קאנדידאט'ס נאָמען פערצייכענט אויפ'ן קאלענדאר פון געריכטס הויז פאר נאטוראליזיישאָן, אום יעדער איינער וואס האָט עטוואס געגען איהם אויסצוזעצען זאל עס קענען מעלדען.

## פראַגען געשטעלט פון דיסטריקט אַטטאָירני.

די פראַגען, וואס ווערען געשטעלט פון דיסטריקט אַטטאָירני בע־ציהען זיך הויפּטזעכליך אויף דער פּערזענליכקייט גופא פון דעם קאַנדי־דאַט און פון זיינע עדות. ער פּרובירט אויסצוגעפינען, אויב די עדות זיינען ריכטיגע און צו דער קאנדידאט בעזיצט א גוטען מאראלישען כאראקטער און פערדיענט אויפגענומען צו ווערען אלס בירגער פון די פעראייניגטע שטאאטען.

## פראַגען און אַנטוואָרטען ביים לעצטען פערהער אין קאָורט.

ווען דער בירגער קאנדידאט ערשיינט אין קאורט ארויסצו־נעהמען זיינע בירגער פּאפּיערען שטעלט איהם דער ריכטער געוויסע פראגען, וועלכע ער דארף וויסען ווי צו ענטפערען, אנדערש קען ער זיי ניט בעקומען. די פראגען וואס ווערען געשטעלט בערוהען מייס־טענס אויף דער קאָנסטיטוציאָן פון די פעראייניגטע שטאַאטען און

דער קאנדידאט מוז זיך דארום פריהער גוט בעקענען מיט דעם אינהאלט פון דער קאנסטיטוציאָן אום צו זיין אין שטאנד צו געבען קורצע און דייטליכע אנטווארטען.

די געוועהנליכע פראגען, וועלכע דער ריכטער שטעלט דעם קאנדידאט, און די אנטווארטען וואס דארפען אויף זיי געגעבען ווערען זיינען ווי פאלגט:

— Under what form of Government do we live?

— אונטער וועלכער פאָרם פון רעגיערונג לעבען מיר?

—Under a Republican form of government.

— אונטער א רעפובליקאנישער פארם פון רעגיערונג.

—Have we a ruler, an emperor, king or prince?

— האָבען מיר דאָ א הערשער, אן אימפעראטאָר, קעניג אָדער פרינץ?

—No.

— ניין.

—Who is the real ruler in the United States?

— ווער איז דער אמת'ער הערשער אין די פעראייניגטע שטאאטען?

—The people.

— דאָס פאָלק.

—What are the United States?

— וואָס זיינען די פעראייניגטע שטאאטען?

—The United States are a Federation of 48 States and 4 territories.

— די פעראייניגטע שטאאטען זיינען א פערבאנד פון 48 שטאאטען און 4 טעריטאָריעס.

—Which is the highest law in the United States?

— וואָס איז דאָס העכסטע געזעץ אין די פעראייניגטע שטאאטען?

—The Constitution.

— די קאָנסטיטוציאָן.

—Did you ever read the Constitution?

— האָסטו ווען געלעזען די קאָנסטיטוציאָן?

—Yes.

— יע.

ארויסגעגעבען פון ס. דרוקערמאַן, 50 קאַנעל סט., ניו־יאָרק.

—When was the Constitution of the United States adopted?

— ווען איז די קאָנסטיטוציאָן פון די פעראייניגטע שטאַאטען אָנגענומען געוואָרען ?

—September 17, 1787.

— סעפטעמבער דעם 17טען 1787.

—When did the Constitution go into effect?

— ווען איז די קאָנסטיטוציאָן פון די פעראייניגטע שטאַאטען אריין אין קראפט ?

—March 4, 1789.

— דעם 4טען מערץ 1789.

—What is the Constitution of the United States?

— וואָס איז די קאָנסטיטוציאָן פון די פעראייניגטע שטאַאטען ?

—It is the fundamental law by which the country is governed.

— עס איז די פונדאמענטאלע געזעצגעבונג, לויט וועלכער דאָס לאַנד ווערט רעגיערט.

—Of how many departments does the Government of the United States consist?

— פון וויפיעל דעפארטמענטס בעשטעהט די רעגיערונג פון די פעראייניגטע שטאַאטען ?

—Of three: Legislative, Executive and Judicial.

— פון דריי : דער געזעצגעבענדער, געזעץ־דורכפיהרענדער און געריכטליכער.

—What does the Constitution of the United States guarantee?

— וואָס גאראנטירט די קאָנסטיטוציאָן פון די פעראייניגטע שטאַאטען ?

—Liberty of conscience, free press and free speech.

— פרייהייט פון געוויסען, פרייע פרעסע און פרייהייט פון רעדען.

| | |
|---|---|
| —Who makes the laws of the United States? | — ווער מאכט די געזעצע פון די פעראייניגטע שטאאטען? |
| —The Congress at Washington. | — דער קאנגרעס אין וואשינגטאן. |
| —What does the Congress consist of? | — פון וואס בעשטעהט דער קאנגרעס? |
| —Of two Houses: the Senate and the House of Representatives. | — פון צוויי הייזער: דער סענאט און די פערטרעטער הויז. |
| —How many Senators are in the United States? | וויפיעל סענאטארס זיינען דא אין די פעראייניגטע שטאאטען? |
| —Twice as many as States. | — צווייטאל אזוי פיעל וויפיעל שטאאטען. |
| —Who elects the United States Senators? | — ווער ערוועהלט די סענאטארען פון די פעראייניגטע שטאאטען? |
| —The State Legislature. | — דאס געזעצגעבענדע הויז פון שטאאט. |
| —For how long is a United States Senator elected? | — אויף ווי לאנג איז ערוועהלט א סענאטאר פון די פעראייניגטע שטאאטען? |
| —For six years. | — אויף זעקס יאהר. |
| —How many Representatives (Congressmen) go from each State? | — וויפיעל פאלקס - פערטרעטער (קאנגרעס-לייט) געהען פון יעדען שטאאט? |
| —That depends on the population of the State. | — דאס ווענדעט זיך אן דער צאהל פון דער בעפעלקערונג פון שטאאט. |

| | |
|---|---|
| —How many Representatives go from the State of New York? | — וויפיעל פאָלקס־פערטרעטער געהען פון ניו יאָרק? |
| —Thirty-four. | — פיער און דרייסיג. |
| —Who elects the Representatives of the people (Congressmen)? | — ווער ערוועהלט די פאָלקס־פערטרעטער (די קאָנגרעסלייט)? |
| —The people, by a direct vote. | — דאָס פאָלק דורך דירעקטע וואהלען. |
| —For how long is a Congressman elected? | — אויף ווי לאנג ווערט א קאָנגרעסמאַן ערוועהלט? |
| —For two years. | — אויף צוויי יאָהר. |
| —Who elects the President of the United States? | — ווער ערוועהלט דעם פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאטען? |
| —The people, through electors. | — דאָס פאָלק דורך וואהל־מענער. |
| —Who is the head (Chief Executive) of the United States? | — ווער איז דער הויפט (דער העכסטער בעאמטער) פון די פעראייניגטע שטאַאטען? |
| —The President. | — דער פרעזידענט. |
| —Who is the head of the State? | — ווער איז דער העכסטער בעאמטער פון שטאַאט? |
| —The Governor. | — דער גאָווערנאָר (גובערנאַטאר). |
| —Who is the head officer of the city? | — ווער איז דער העכסטער שטאָדט־בעאַמטער? |
| —The Mayor. | — דער סיטי מעיאר (בירגעמייסטער). |

—Where is the capital of the United States?

—At Washington, District of Columbia.

—Where is the capital of this State?

—Albany.

—When was the Declaration of Independence declared?

—July 4, 1776, in Philadelphia.

—What is the Declaration of Independence?

—The Declaration of Independence is a written document by which the thirteen original Colonies renounced their allegiance to Great Britain.

—Who made the Constitution?

—The Representatives of the thirteen original States.

— וואו איז די הויפט־שטאדט פון די פעראייניגטע שטאאטען?

— אין וואשינגטאָן, בעצירק פון קאָלומביא.

— וואו איז די הויפטשטאדט פון דיעזען שטאַאט?

— אָלבאַני.

— ווען איז די דעקלאריישאָן אָף אינדעפענדענס (ערקלעהרונג פון אונאבהענגיגקייט) פראָקלאַמירט געוואָרען?

— דעם 4טען דזשולאי פון יאָהר 1776, אין פילאַדעלפיא.

— וואָס איז אַזוינס די דעקלאַריישאָן אָף אינדעפענדענס?

— די דעקלאַריישאָן אָף אינדעפענדענס איז אַ געשריעבענער דאָקומענט, דורך וועלכען די דרייצעהן אָריגינעלע קאָלאָניעס האָבען זיך ערקלעהרט פריי פון אונטערטהעניגקייט צו גרויס בריטאַניען (ענגלאַנד).

— ווער האָט פערפאַסט די קאָנסטיטושאָן?

— די פערטרעטער פון די דרייצעהן אָריגינעלע שטאַאטען.

—What are the duties and powers of the President?

— וואָס זיינען די פפליכטען און די מאַכט פון פרעזידענט?

—He can veto the laws made by Congress.

— ער קען „וועטאָ'ען" (ניט געבען זיין הסכמה צו) די געזעצע, געמאַכט פון קאָנגרעס.

—He can, with the consent of the Senate, make treaties with other nations.

— ער קען מיט דער צושטימונג פון סענאַט, מאַכען טריטיס מיט אַנדערע לענדער.

—He appoints, with the consent of the Senate, the United States Supreme Court Judges, his Cabinet and some other officers of the United States.

— ער אַפּאָינטעד מיט דער צושטימונג פון סענאַט די יונייטעד סטייטס סופרים קאָורט ריכטער, די מיטגליעדער פון זיין קאַבינעט און געוויסע אַנדערע בעאַמטע פון דער רעגיערונג פון די פעראייניגטע שטאַאטען.

—He has the power of granting reprieves and pardons for offenses committed against the United States.

— ער האָט די מאַכט צו מאַכען פערלייכטערונגען און אינגאַנצען בעפרייען פון אַ שטראָף פאר פערברעכענס, וואָס זיינען בעגאַנגען געוואָרען געגען די געזעצע פון די פעראייניגטע שטאַאטען.

—He is the chief of the Army and Navy. May convene Congress whenever necessary.

— ער איז דער העכסטער בעאַמטער פון דער אַרמעע און פלאָטע.

— ער מעג צוזאַמענרופען דעם קאָנגרעס ווען נאָר ס'איז נויטיג.

—Can every citizen of the United States be a President?

— קען יעדער בירגער פון די פעראיניגטע שטאַאטען זיין אַ פרעזידענט?

—No. He must be a native-born citizen, must be 35 years of age, and must be a resident of this country for fourteen years.

— ניין. ער מוז זיין אַ געבאָרענער אין לאַנד, אַלט זיין ניט וועניגער פון 35 יאָהר און וואָהנען אין לאַנד 14 יאָהר.

—What is the duty of the Vice-President?

— וואָס איז די פפליכט פון וויס־פרעזידענט?

—He presides over the United States Senate.

— ער איז דער פאָרזיצענדער איבער דעם יונייטעד סטייטס סענאַט.

—For how long are the United States Supreme Court Judges appointed?

אויף ווי לאַנג זיינען די יונייטעד סטייטס סופרים קאָורט ריכטער אַפּאָינטעט?

—For life, and could be removed only by impeachment.

— אויפ'ן גאַנצען לעבען, זיי קענען בלויז אַרונטערגעזעצט ווערען ווען עס איז דאָ געגען זיי אַן ערנסטע בעשולדיגונג.

—How can the Constitution be amended?

— ווי קען די קאָנסטיטושאָן אַמענדירט ווערען?

| | |
|---|---|
| —Amendment to the Constitution must be proposed by a two-thirds majority of both Houses of Congress and approved by three-quarters of the States. | — אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטושאָן מוזען פאָרגעשלאָגען ווערען ביי אַ מאַיאָריטעט פון צוויי דריטעל פון ביידע הייזער און דריי פיערטעל פון די סטייטס מוזען צו זיי צושטימען. |
| —Can women vote? | — קענען פרויען וואוטען? |
| —In some States; but only a few. | — בלויז אין איניגע שטאַאטען. |
| —How old does a citizen have to be to vote? | — ווי אַלט דאַרף זיין אַ סיטיזען צו קענען וואוטען? |
| —21 years. | — 21 יאָהר. |
| —For how long is an Assemblyman elected? | — אויף ווי לאַנג ווערט אַן אַסעמבלימען ערוועהלט? |
| —For one year. | — אויף איין יאָהר. |
| —How and for how long is the Governor elected? | — ווי און אויף ווי לאַנג ווערט אַ גאָווערנאָר עלעקטעד? |
| —He is elected by the people at the general State elections for two years. | — ער ווערט עלעקטעד פון פאָלק אין אַלגעמיינע סטייט־וואַהלען אויף 2 יאָהר. |

—Which is the highest court of New York State?

— וועלכע איז די העכסטע קאָורט פון ניו־יאָרק סטייט?

—The Court of Appeals.

— די קאָורט אָוו אַפּיעלס.

—How many Judges are in the Court of Appeals?

— וויפיעל ריכטער זיינען דאָ אין קאָורט אָוו אַפּיעלס?

—One Chief Justice and six associates.

— איין הויפּט־ריכטער און זעקס געהילפע.

—By whom are they elected and for how long?

— פון וועמען ווערען זיי אויסערוועהלט און אויף ווי לאַנג?

—They are elected by the voters of the entire State for fourteen years.

— זיי ווערען אויסערוועהלט פון די וואוטערס פון גאַנצען סטייט אויף 14 יאָהר צייט.

—Who presides over the State Senate?

— ווער איז דער פּאָרזיצענדער איבער דעם סטייט סענאַט?

—The Lieutenant-Governor.

— דער ליוטענאַנט גאָווערנאָר.

—Who makes the laws for the city?

— ווער מאַכט די געזעצע פאר דער שטאָדט?

—The Board of Aldermen.

— די באָארד אָף אָלדערמען.

—For how long is an Alderman elected?

— אויף ווי לאַנג ווערט אן אָלדערמען עלעקטעד?

—For two years.

—For how long is the Mayor elected?

—For four years.

Q. What is a jury?

A. A jury is a body composed of twelve persons selected to hear and decide upon the evidence in a case.

Q. How often must Congress meet?

A. Congress must meet at least once a year, on the first Monday in December.

Q. How are the laws of the United States made?

A. A bill is proposed in the House of Representatives or in the Senate. This bill becomes a law in three ways: 1. By re-

— אויף צוויי יאָהר.

— אויף ווי לאַנג ווערט דער מעיאָר עלעקטעד ?

— אויף פיער יאָהר.

— וואָס איז אַ דזשורי ?

— אַ דזשורי איז אַ קערפערשאַפט וואָס באַשטעהט פון צוועלף פערזאָן וואָס ווערען אויסגעקליבען צו הערען און ענטשיידען וועגען דאָס עדות־זאָגען אין אַ פּראָצעס.

— ווי אָפט מוז זיך דער קאָנגרעס צוזאַמענקומען ?

— דער קאָנגרעס מוז זיך צוזאַמענ־קומען וועניגסטענס איינמאָהל אַ יאָהר, דעם ערשטען מאָנטאָג אין דעצעמבער.

— ווי ווערען די געזעצען פון די פעראייניגטע שטאַטען געמאַכט ?

— אַ ביל ווערט פאָרגעשלאָגען אין רעפּרעזענטאַנטען הויז אָדער אין סע־נאַט. דיעזער ביל ווערט אַ געזעץ אויף דריי וועגען : 1. ווען ער קריגט אַ

ceiving a majority vote in the House and in the Senate, and also the signature of the President; 2. By receiving a two-thirds vote in the House and in the Senate, in case the President vetoes the bill; or 3. By receiving a majority vote in the House and in the Senate, if the bill is retained by the President for ten days without signing or vetoing it.

מאַיאָריטעט שטימען אינ'ם „הויז" און אינ'ם סענאַט, און אויך דעם פּרעזידענט'ס אונטערשריפט; 2. ווען ער קריגט אַ צוויי דריטעל מאַיאָריטעט אין'ם „הויז" און אין'ם סענאַט, אין פאַל דער פּרעזידענט וועטירט דעם ביל (שרייבט איהם ניט אונטער): אָדער 3. ווען ער קריגט אַ מאַיאָריטעט שטימען אינ'ם „הויז" און אינ'ם סענאַט, אויב דער ביל ווערט פערהאַלטען פונ'ם פּרעזידענט אויף צעהן טעג אָהן אונטערשרייבען אָדער וועטירען איהם.

## SENATORS.

Q. How, and for how long, are the United States Senators elected?

— ווי אַזוי, און אויף ווי לאַנג ווערען די יונייטעד סטייטס סענאַטאָרס ערוועהלט?

A. United States Senators are elected by the direct vote of the people, for a term of six years.

— יונייטעד סטייטס סענאַטאָרס ווערען ערוועהלט דורך דעם דירעקטען וואָוט פונ'ם פאָלק, פאַר אַ טערמין פון זעקס יאָהר.

Q. How many United States Senators are there?

— ווי פיעל יונייטעד סטייטס סענאַטאָרס זיינען דאָ?

A. There are 96 United States Senators.

— עס זיינען דאָ 96 יונייטעד סטייטס סענאַטאָרס.

Q. How many United States Senators are elected from each State?

— ווי פיעל יונייטעד סטייט סענאַטאָרס ווערען ערוועהלט פון יעדען שטאַאַט?

A. Two United States Senators are elected from each State.

— צוויי יונייטעד סטייטס סענאַטאָרס ווערען ערוועהלט פון יעדען שטאַאַט.

CONGRESSMEN.

Q. How, and for how long, are Representatives, or Congressmen, elected?

— ווי אַזוי, און אויף ווי לאַנג, ווערען רעפּרעזענטאַנטען, אָדער קאָנגרעסלייט, ערוועהלט?

A. Representatives, or Congressmen, are elected by the direct vote of the people for a term of two years.

— רעפּרעזאנטאַטען, אָדער קאָנגרעסלייט ווערען ערוועהלט דורכ'ן דירעקטען וואָוט פונ'ם פאָלק, פאַר אַ טערמין פון צוויי יאָהר.

Q. How many Representatives, or Congressmen, are there?

— ווי פיעל רעפּרעזענטאַנטען, אָדער קאָנגרעסלייט, זיינען דאָ?

A. There are now (until 1920) 435 Representatives, or Congressmen.

Q. What is the ratio of representation of a Congressman?

A. The ratio of representation of a Congressman is equal to the total population of the country, according to the last census, divided by the number of Congressional districts*

Q. How many Representatives, or Congressmen, are elected from each State?

A. The number of Representatives, or Congressmen, elected from each State depends upon its population—the larger the population the greater the number of Congressmen.

— עס זיינען איצט (ביז'ן יאָהר 1920) דאָ 435 רעפּרעזענטאַנטען, אָדער קאָנגרעסלייט.

— וואָס איז די פּראָפּאָרציע פון פערטרעטערשאַפט פון אַ קאָנגרעסמאַן?

— די פּראָפּאָרציע פון פערטרעטער־שאַפט פון אַ קאָנגרעסמאַן איז אַזוי גרויס ווי די גאַנצע בעפעלקערונג פונ'ם לאַנד, וועדליג די לעצטע פאָלקס־צעהלונג, צוטהיילט צווישען די צאָהל קאָנגרעס דיסטריקטס. *

— ווי פיעל רעפּרעזענטאַנטען אָדער קאָנגרעסלייט, ווערען ערוועהלט פון יעדען שטאַאט?

— די צאָהל רעפּרעזענטאַנטען, אָדער קאָנגרעסלייט, וואָס ווערען ערוועהלט פון יעדען שטאַאט ווענדעט זיך אין זיין בעפעלקערונג — וואָס גרעסער די בעפעלקערונג אַלץ גרעסער די צאָהל קאָנגרעסלייט.

Q. How many electors are elected?

A. There are elected as many electors as there are Congressmen and Senators; now (until 1920) we must elect 435 and 96, or 531, electors.

Q. For how long are the President and the Vice-President elected?

A. The President and the Vice-President are elected for a term of four years.

Q. What are the duties and powers of the President?

A. The President (1) enforces the laws (2) signs bills (3) vetoes bills (4) is head of army and navy (5) fills temporary vacancies in the Senate (6) calls extra sessions (7) adjourns

— ווי פיעל עלעקטאָרס ווערען ערוועהלט ?

— עס ווערען ערוועהלט אַזוי פיעל עלעקטאָרס ווי פיעל עס זיינען דאָ קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרס (צוזאַמען), אַצינד, (ביז'ן יאָהר 1920) מוזען מיר ערוועהלען 435 און 96' ס'הייסט 531, עלעקטאָרס.

— אויף ווי לאַנג ווערען דער פּרעזידענט און דער וויים פּרעזידענט ערוועהלט ?

— דער פּרעזידענט און דער וויים־פּרעזידענט ווערען ערוועהלט פאַר אַ טערמין פון פיער יאָהר.

— וואָס זיינען די פליכטען און מעכטע פון דעם פּרעזידענט ?

— דער פּרעזידענט (1) צווינגט איין די געזעצע (2) שרייבט אונטער בילס (3) וועטירט (ענטזאַגט זיך אונטערצושרייבען) בילס (4) איז דער עלסטער פון דער אַרמעע און פלאָטע (5) פילט אָן דערווייליגע וואַקאַנסעס (פלאַץ־ערלעדיגונגען) אין סענאַט (6) רופט צוזאַמען עקסטרא סעשאָנס (7) שליסט

Congress in case of disagreement (8) grants pardons; and with the advice and consent of the Senate (9) appoints cabinet officers, Federal judges, ambassadors, and others (10) makes treaties, and has other duties and powers.

דעם קאָנגרעס אין פאַל פון אַ ניט-איינשטימענים (8) שענקט בעגנאַדיגונגען; און מיט דעם ראַטה און צושטימונג פון סענאַט (9) בעשטימט ער קאַבינעט בעאַמטע, פעדעראַלע ריכטער, אַמבאַסאדאָרען, און אַנדערע (10) שליסט אָבמאַכען (טריטים), און האָט אַנדערע פליכטען און מעכטע.

## CABINET.

Q. What is the President's Cabinet?

— וואָס הייסט דעם פרעזידענט'ס קאַבינעט?

A. The President's Cabinet is a body composed of the ten heads of the Government Departments who are appointed by the President with the advice and consent of the Senate.

— דעם פרעזידענט'ס קאַבינעט איז אַ קערפערשאַפט וואָס באַשטעהט פון די צעהן עלסטע פון די רעגירונגס אבטהיילונגען, וועלכע ווערען בעשטימט דורכ'ן פרעזידענט מיט דעם ראַטה און צושטימונג פונ'ם סענאַט.

Q. How many Secretaries, or heads of Government Departments are there?

— ווי פיעל סעקרעטערע (מיניסטאָרען), אָדער עלסטע פון רעגירונגס אבטהיילונגען זיינען דאָ?

A. There are ten Secretaries.

— עס זיינען דאָ צעהן סעקרעטערע (מיניסטאָרען).

Q. Name the Secretaries, or cabinet ministers by their official positions.

— רעכענט אויס די סעקרעטערע, אָדער קאַבינעט מיניסטאָרען, דורך זייערע אָפיציעלע עמטער.

A. The ten Secretaries are:*

—די צעהן מיניסטאָרען זיינען: *

1. Secretary of State.
2. Secretary of War.
3. Secretary of Navy
4. Secretary of the Treasury.
5. Postmaster General.
6. Secretary of Interior.
7. Attorney General.
8. Secretary of Agriculture.
9. Secretary of Commerce.
10. Secretary of Labor.

1. פרעמיער.
2. קריגס מיניסטער.
3. פלאָטען מיניסטער.
4. פינאַנס מיניסטער.
5. הויפט פאָסטמייסטער.
6. אינערליכער מיניסטער.
7. יוסטיץ מיניסטער.
8. אַגריקולטשור מיניסטער.
9. האַנדעלס מיניסטער.
10. אַרבייטס מיניסטער.

Q. What do the ten Secretaries constitute?

— וואָס שטעלען די צעהן מיניסטאָרען צונויף?

A. The ten Secretaries constitute the President's Cabinet.

— די צעהן מיניסטאָרען שטעלען צונויף דעם פרעזידענט׳ס קאַבינעט.

## STATE.

| | |
|---|---|
| Q. What is the highest law of the State? | — וואס איז די העכסטע געזעץ פון דער סטייט? |
| A. The highest law of the State is the State Constitution. | — דאס העכסטע געזעץ פון דער סטייט, איז די סטייט קאנסטיטושאן. |
| Q. What are the three branches of the State Government? | — וואס זיינען די דריי צווייגען פון דער סטייט רעגירונג? |
| A. The three branches of the State Government are the Legislative, the Executive, and the judicial. | — די דריי צווייגען פון דער סטייט רעגירונג זיינען די געזעצמאכענדע, די געזעצדורכפיהרענדע, און די געזעצפערטייטשענדע. |
| Q. Who is the Chief Executive of the State? | — ווער איז דער הויפט בעאמטער פון דעם שטאאט? |
| A. The Governor is the Chief Executive of the State. | — דער גאווערנאר איז דער הויפט בעאמטער פון דעם שטאאט. |
| Q. What is the Governor's name. | — וואס איז דעם גאווערנאר'ס נאמען? * |

## NEW YORK STATE.

| | |
|---|---|
| Q. How is the Governor elected? | — ווי אזוי ווערט דער גאווערנאר ערוועהלט? |

A. The Governor is elected by the direct vote of the people.

Q. What is the Capital of the State?

A. Albany is the Capital of the State.**

Q. Who makes the laws of the State of New York?

A. The Legislature at Albany makes the laws.

Q. What does the Legislature consist of?

A. The Legislature consists of the State Senate and the State Assembly.

Q. What are the duties and powers of the Governor?

A. The Governor (1) enforces the laws, (2) signs bills, (3) vetoes bills, (4) calls extra sessions of the Legislature, (5) grants pardons, (6) appoints some State of-

— דער גאָווערנאָר ווערט ערוועהלט דורכ׳ן דירעקטען וואָוט פונ׳ם פאָלק.

— וואָס איז די הויפט שטאָדט פון דער סטייט?

— אָלבאַני איז די הויפט שטאָדט פון דעם סטייט. *

— ווער מאַכט די געזעצע פאַר דעם שטאַאַט ניו יאָרק?

— די לעדזשיסלייטור (געזעץ־אבטהיילונג) אין אָלבאַני מאַכט די געזעצע.

— פון וואָס באַשטעהט די לעדזשיסלייטור?

— די לעדזשיסלייטור באַשטעהט פונ׳ם סטייט סענאַט און דער סטייט אַסעמבלי.

— וואָס זיינען די פליכטען און מעכטע פונ׳ם גאָווערנאָר?

— דער גאָווערנאָר (1) צווינגט איין די געזעצע, (2) שרייבט אונטער בילס, (3) וועטירט (ענטזאַגט זיך אונטער־צושרייבען) בילס (4) ערנאַנט איינ־

ficers, and has other duties and powers.

גע סטייט בעאַמטע, און האָט אַנדערע פליכטען און מעכטע.

Q. Who is the Chief Executive of the City?

— ווער איז דער הויפּט בעאַמטער פון דער שטאָדט?

A. The Mayor is the Chief Executive of the City.

— דער מעיאָר איז דער הויפּט בע־אַמטער פון דער שטאָדט.

Q. How is the Mayor elected?

— ווי אַזוי ווערט דער מעיאָר ער־וועהלט?

A. The Mayor is elected by the direct vote of the people.

— דער מעיאָר ווערט ערוועהלט דורכ'ן דירעקטען וואוט פונ'ם פאָלק.

Q. What are the duties and powers of the Mayor?

— וואָס זיינען די פליכטען און מעכטע פונ'ם מעיאָר?

A. The Mayor (1) enforces the laws, (2) signs bills, (3) vetoes bills, (4) appoints some city officials, and has other duties and powers.

— דער מעיאָר (1) צווינגט איין די געזעצען (2) שרייבט אונטער בילס (3) וועטירט (ענטזאגט זיך אונטער־צושרייבען) בילס (4) ערנאַנט אייני־גע שטאָדט בעאַמטע, און האָט אנדערע פליכטען און מעכטע.

Q. Who makes the laws for New York City?

— ווער מאַכט די געזעצען פון דער שטאָדט ניו יאָרק?

A. The Board of Aldermen makes the laws for New York City.

— די באָרד אָוו אָלדערמען מאַכט די געזעצען פאר דער שטאָדט ניו יאָרק.

יעדער איינער דארף וויסען ווי עס הייסט די הויפט־שטאדט פון זיין שטאאט און די צאהל פון קאנגרעס־לייט, וועלכע ווערען פון זיין שטאאט אויסערוועהלט.

ווען דער בירגער קאנדידאט האלט אוים גוט דעם קורצען פערהער, שווערט מען איהם ווידער איין און ער בעקומט דאן די צווייטע פאלשטענדיגע בירגער פאפיערען. ווען די בעאמטע זיינען שטארק בעשעפטיגט, שיקט מען עס איהם צו מיט איניגע טעג שפעטער פער פאסט. אין אזא פאל ווערט פון איהם פערלאנגט 10 סענט אויף פאסט הוצאות.

---

## ווען מען קען די בירגער־רעכטע פערלירען.

דאס בירגער־רעכט קען גע'פסל'ט ווערען, ווען מען בענוצט זיך מיט פאלשע עדות אדער ווען דער נאטוראליזירטער בירגער וואנדערט אוים, פאר 5 יאהר נאך זיין קריעגען די בירגער־פאפיערען, נאך זיין געבורטסלאנד אדער נאך א צווייטע מדינה מיט דעם צוועק דארטען אויף לאנג צו פערבלייבען. א פערזאן פון אויסלענדישע עלטערען, וואס ווערט זאגאר געבוירען אויף דיעזען באדען און פאהרט פון דאנען אוועק נאך אויסלאנד, ניט אנגעבענדיג קיין „דעקלאריישאן אוו

אינטענשאָן" פאַר 21 יאָהר אַלט, פערלירט דאָס רעכט צו זיין פער־רעכענט אַלס אַ בירגער און ווערט בעטראַכט גלייך מיט סתם אַן אויסלענדער, וואָס איז פריי זיך צו נאַטוראַליזירען.

---

## רעכטע און פפליכטען פון אַ בירגער.

דער נאַטוראַליזירטער בירגער האָט דיזעלבע רעכטע ווי אַ געבוירענער אין לאַנד, אויסער אין איין פאַל. ער קען ניט אויסער־וועהלט ווערען אַלס פרעזידענט אָדער וויים־פרעזידענט.

די רעגיערונג פון די פעראייניגטע שטאַאַטען איז מחויב צו בעשיטצען זיין פערזאָן, רעכטע און אייגענטהום איבעראַל וואו ער געפינט זיך, אויסער אין זיין פאַטערלאַנד, ווען דאָרטען עקזיסטירט אַ געזעץ, דאָס אונטערטהאַנער קענען ניט ווערען אויס בירגער פון יענעם לאַנד.

ווען אַ פאַמיליען־מאַן ווערט אַ בירגער, דאַן ווערען נאַטוראַלי־זירט צוזאַמען מיט איהם אויף דיזעלבע פּייפּערס זיין פרוי און זיינע קינדער, וועלכע זיינען ניט עלטער פון 21 יאָהר און געפינען זיך דאַן מיט איהם אין לאַנד.

פון אַ בירגער ווערט ערוואַרטעט, ער זאָל זיין טריי די געזעצע פון לאַנד און זאָל אַנטהייל נעהמען אין אַלע מוניציפּאַלע, שטאַאַט־ליכע און נאַציאָנאַלע וואַהלען. זיין פפליכט איז צו העלפען ערוועהלען די בעסטע און עהרליכסטע בעאַמטע. דאָס רעכט זיך צו בעטהייליגען אין די וואַהלען איז ניט קיין פעדעראַלע, זי ווערט געגעבען צום בירגער בלויז פון שטאַאַט. אין פיעלע שטאַאַטען קענען וואָטען זאָגאַר ניט קיין בירגער אויך, דיעזע פריווילעגיע מאַכט אָבער דעם לעצטען ניט

גלייך אין די רעכטע מיט'ן בירגער ביז ער ערפיעלט ניט אלעס וואס פאָדערט זיך פון נאטוראליזאציאָנס געזעץ.

---

## רעגיערונגס שטעלען אין פערשיעדענע דעפּארטמענטס.

צו די פריווילעגיען, וועלכע יעדער בירגער (מאַן אָדער פרוי) פון די פעראייניגטע שטאאטען האָט, קען אויך צוגערעכענט ווערען די מעגליכקייט צו בעקומען אירגענד וועלכע פּאָזישאָן אין „סיוויל סוירוויס" (געזעלשאַפטליכע בעדיענונג) דעפּארטמענט, אויב ער אָדער זי בעזיצען בלויז די נויטיגע פעהיגקייטען און קענטניסע. אין די פערשיעדענע דעפּארטמענטס פון נאַציאָנאַלער, שטאאטליכער און מוניציפּאַלער רעגיערונגען זיינען שוין היינט צו טאָג דאָ כמעט 200 טויזענד בעשטימטע פּאָזישאָנס פון „סיוויל סוירוויס", און דיעזע סיסטעמע ווערט אלץ מעהר און מעהר אויסגעברייטעט אין דיעזען לאנד. אלע „סיוויל סוירוויס" אָנגעשטעלטע בעקומען א שעהנעם געהאלט צו מאכען אַן אנשטענדיגען לעבען און ארבייטען ניט מעהר ווי 8 שטונדען א טאָג, 6 טעג אין וואָך.

---

## אַלגעמיינע כללים.

אַן אַפּליקאַנט פאר א סיוויל סוירוויס פּאָזישאָן דאַרף בעזיצען א גוטען מאָראַלישען כאראקטער, ער מוז זיין געזונד און פיזיש פעהיג צו ערפילען די פפליכטען פון דער פּאָזישאָן, וועלכע ער וויל בעקומען.

נאָך אַפּליקיישאָן בליינקס דאַרף מען זיך ווענדען צום „טשיעף

ארויסגעגעבען פון ס. דרוקערמאַן, 50 קאַנעל סט., ניו־יאָרק.

עקזאַמינער" פון דער סטייט סיוויל סוירוויס קאָמישאָן אין קעפּיטאָ
פון אַפּליקאַנטס סטייט, ניו יאָרקער, צב"ש, דאַרפען אַדרעסירען:

# Chief Examiner, State Civil Service Commission,

# Albany, N. Y.

אַלע פראַגען אין דעם אַפּליקיישאָן מוזען אויסגעפילט ווערען מיט טינט אַזוי דייטליך ווי מעגליך.

צום אַפּליקיישאָן דאַרפען אויך צוגעגעבען ווערען צייגניסע פון 3 בירגער וואָס וואָהנען אין דעם זעלבען סטייט, און קענען דעם אַפּליקאַנט ווענינגסטענס 6 מאָנאַט.

פאַר פּאָזישאָנס אין מאַנכע דעפּאַרטמענס ווערען בלויז צו־געלאָזען פּערזאָנען פון אַ בעשטימטער הויך און געוויכט אָדער פון אַ געוויסען עלטער. אַפּליקאַנטען פאַר פּאָזישאָנס אַלס קלוירקס און בריעף־טרעגער אין פּאָסט אָפּיס, ווערען בלויז אָנגענומען ווען זיי זיינען 5 פוס און 4 אינטשעס הויך און וועגען ווענינגסטענס 125 פונט. פאַר אַלע פּאָזישאָנס אין דעם זעלבען דעפּאַרטמענט ווערען צוגעלאָזען בלויז פּערזאָנען אין עלטער פון 18 ביז 45 יאָהר.

---